785

# ווײַג גראָס וועלט

## לידער

פון ל. מילער

אין ישׂראל אַנטאָנאָג.
1919

# אינהאלט

א

איך בין געקומען אויף גאָט'ס וועלט
ניט געצוואונגענערהייט
און אָוועקגעהן וועל איך אויך
מיט מיין גוטען ווילען.
ניט קיין הובות צו ערפילען
בין איך אויף דער וועלט געקומען.
ווי עס קומט אַ גאַסט אויף יום טוב
אזוי בין איך געקומען אויף גאָט'ס וועלט.

ב

דאָרטען וואו עס קומען ערד און הימעל זיך צוזאַמען
הענגט מיין וויג.
דורות לאַנג, האָב איך אין גאָלדען וויג זיך וויגענדיג,
אין שלאָף געהערט.
דאָס ליד פון דער וועלט

ג

דו האָסט פאַרנומען מיין געבעט;
מיין דורות־לאַנגען חלום,
עס האָט דיין קוש מיך אויפגעוועקט
פון דורות־לאַנגען שלאָף.
איך האָב די אויגען אויפגעמאַכט
און האָב דערזעהן דאָס ליכט פון דער וועלט,
און האָב דערפיהלט
אַז איך בין דאָ אויף דיין גרויסער ברייטער ערד.

ד

איך בין דיין קינד.
מיין שפּיל פּלאַץ איז דיין גרויסע ברייטע וועלט,
דאָס לעבען איז מיין שפּיל.
טרייב איך אָן מיין שפּיל וואו אויף דעם ברעג פון אָפּגרונד.
שלאָף איך איין וואו אויף דעם אומגליקס שוועל,
שפּרייטסטו אויס דעם שוץ פון דיין גענאָד
איבער מיר דיין קינד.

ה

איך בין דיין קינד.
עס זיינען אלע מענשען דיינע קינדער
און איך דיין ליבלינגס קינד.
דו בענקסט נאָך מיר
און צעהלסט די רגע׳ס פון מיין קומען,
מיט דעם פאַרבען שפּיל פון זונען־אונטערגאַנג
שיקסטו מיר די בענקשאַפט דיינע,
און הערסט זיך צו אין שטילקייט פון דער נאַכט
צום קלאַנג פון מיינע טריט.

ו

דאָרטען וואו עס קומען ערד און הימעל זיך צוזאַמען
הענגט מיין וויג.
וויגט זיך אום א ווייסע טויב ביי מיר אין וויג
ווען די שעה די ליכטיגע וועט שלאָגען,
וועט די ווייסע טויב
זיך איבער מיר אין לופטען קרייזען,
וועט די ווייסע טויב
צוריק דעם וועג מיר ווייזען
צו מיין וויג.

ז

מיט דעם כוואַליענדיגען אומרוּת
פון דעם שטורמדיגען ים
פאַרגעהט מיין ליד.
מיט דעם בענקענדיגען פאַרבענשפּיל
פון זונענאונטערגאַנג
פאַרגעהט מיין ליד.
מיט דעם קלאַפּ־און־קלאַנג פון שטיין און שטאָל,
מיט דעם פייערדיגען בראַנד פון שטאָטיגען גערויש
פאַרגעהט מיין ליד.
מיט מיין אָפענעם בליק
אויף מיין געלעגער ביינאַכט
פאַרגעהט מיין ליד
צו דיר.

ח

דער קלאַנג פון מיינע טריט בייטאָג
דער קלאַנג פון מיינע טריט ביינאַכט
דער ליבער קלאַנג פון מיינע טריט
מיין ליד צו דיר.

מיין העלער בליק, מיין גוטער בליק
מיין קינדיש האַרץ וואָס גאַרט נאָך גליק
מיין קינדיש האַרץ, מיין שטיל געמיט
מיין ליד צו דיר.

מיין גוטער שמייכעל איז מיין ליד
מיין שטילער זיפץ ווען כ'בין אַליין.
איך בין אַליין, אַליין, אַליין
מיין ליד צו דיר.

ח

ט

איך — איך — איך —
אַזוי קלאַפּ איך אוים
מיט דעם קלאַנג פון מיין טראָט —
דאָס ליד פון מיין איך ·
און שווער איז מיין טראָט
אויף דער שטיינערנער ערד
און רוישיג דאָס ליד
פון דער שטיינערנער שטאָט
און אין דעם גערויש כסדר זיך הערט
דער קלאנג פון מיין טראָט:
איך — איך — איך ·

# צו מיין געשטאַלט אין שפּיגל

ו

דו בענקסט נאָך מיר —
פאַר'כשוף'ט אין אַ נעץ פון זילבער ווייסען שיין,
פאַרגעהען דיינע טעג און נעכט
פאַר מיר בלויז וואַרטענדיג.
און איך —
ווי דו אַליין פאַר'כשוף'ט
שטעה איך קעגען דיר דאָ, שעה נאָך שעה,
און מיט דעם ליכט פון מיינע אויגען
דורכ'ן שיין פון דער כשופ'דיגער טיר
ציה איך זיך צו דיר —
מיין ליכטיגער געשטאַלט.

יא

ס׳ליכט פון האַרצען זויגען מיינע אויגען
און איך בין פארליבט אין זיי,
איבערן שפיגעל שטעה איך לאַנג געבויגען
און איך שפיגעל זיך אין זיי.

איבערן שפיגעל שטעה איך לאַנג געבויגען
כ׳שליס די ברעמען אויף און צו,
כ׳ליב אַזוי צו צערטלען מיינע אויגען
און פארוויגען זיי אין רוהע.

איך זעה מיט צוגעמאכטע אויגען.
איך שליס די ברעמען צו און מיר איז ליכטיג,
איך לעג די האנט ארויף אויף מיינע אויגען
און די פינגער מיינע באָדען זיך אין ליכט.

!!

יב

איך שטעה פאר דיר ווי גאָט האָט מיך באַשאַפען.
און אַלע קרומע וועגען פון מיין האַרצען
זענען פריי און אָפען
פאר דיין לויכטענדיגען בליק.
און ווען איך קום צו דיר אַ שולדיגער,
פאַר טעג און נעכט פארלוירענע,
אָהן זין, אָהן ציל;
און ווען איך בויג מיין קאָפּ פאַר דיר,
באַהאַלטענדיג די סודות פון מיין זינדיג בלוט,
באַגעגענט מיך דיין גוטער בליק
מיין ליבע און פאַרגעבונג.

יג

ווען איך וועל געהן אַהיים
צוריק אין וויג זיך לעגען,
ווּעסטו אַ ליכטיגער דאָ אומגעהן
אין מיינע טריט.
און האָב איך ווען דאָ אויף דער וועלט
אַ שפּילכעל געהאַט
וועסטו מיט דעם זיך שפּילען.
און האָט מיך ווער אין לעבען דאָ געליבט,
וועסטו ביי איהם אין שלאָף זיך פרעגען:
צי ער האָט מיך ניט פארגעסען,
מיין ליב און גוט געשטאַלט.

13

יד

דו וועסט אַמאָל זיך אין אַ זומערדיגען אבענד
נאָך מיר פאַרבענקען.
אין פאַרבענשפיל פון זונען אונטערגאַנג
וועט זיך דיין העלער בליק פארלירען,
און וועסט זיך לאָזען פון די לעצטע זונען שטראַלען פירען
צו מיין וויג.
און שטעהן וועסטו אַ ליכטיגער
ביי מיין גאָלדען וויג געבויגען
און וועסט מיך וויגען, וויגען, וויגען,
און קושען וועסטו מיינע צוגעמאַכטע אויגען
און וועסט מיך וויגען, וויגען, וויגען.

## III. מיט קלינגענדיגע טריט

### טו

מיר בין איך פון דורות לאַנגען שלאָף
און פון דורות לאַנגעדרוה בין איך נאָך מיד.
איצט געה איך אום מיט קלינגענדיגע טריט
אין דער טומעלדיגער וועלט.
ערשט האָב איך געשטעלט מיין טראָט
אויף דער שטיינערנער ערד,
און שוין האָב איך אין לופט געהערט
דעם פליגעל־פלאַטער פון מיין ווייסער טויב.

## טז

שטאָט:
האַמער איין מיין לעבען
אין דיין שטאָל און אייזען,
רייס אַרויס מיט דיינע שטיינערנע הענט
די רוה פון מיין האַרצען
און גיס אַריין דיין פייערדיגען בראַנד
צו מיר אין בלוט.

שטאָט:
פארמויער מיך אין דיינע מויערן,
שמיד מיך איין אין אייזען און אין שטאָל,
פארפלאָנטער מיך אין דיינע כשופ׳דיגע קלאַנגען
און האַלט מיך געפאַנגען
אין דיינע פייערדיגע נעצען.

יז

איך האָב פארפלאָנטערט מיינע טריט
אין שטאָטיגען געריוש,
און אונטער די שטאָלענע רעדער
פון לויפענדיגע באַנען
האָב איך מיין רוה צוואונאָרפען.
עס האַמערט אויס די שטאָט
איהר ליד פון שטאָל און שטיין.
און צו דעם טאַקט פון שטאָל און אייזען קלאַנג
טאַנצען מיינע טריט.

יח

און ווען מיין ווייסע טויב זיך דאָ באווייזען
וועל איך זיך אויסבאַהאַלטען
אין דעם שטאָטיגען געראויש.
און ווען איך וועל דעם רוף דערהערען,
דעם רוף אַהיים,
וועל איך ניט געהן.
איך וועל זיך מיט די ציין און נעגיל קלאַמערן
אָן שטאָל און שטיין,
און וועל ניט געהן —
און אפשר — — — וועל איך געהן◎

*    *

איך וועל געהן◎
איך וועל געהן◎

יט

עס וועט מיין ווייסע טויב שטיל פלאַטערן פאָראויס,
און איך וועל אומבאַמערקטערהייט
זיך שלייכען דורך די גאַסען
אויף מיין וועג אַהיים.
און וועט אַ יונגפרוי שטעהן וואו ביי אַ פענסטער
וועט זי אין די אויגען טרערען פיהלען.
און וועלען קינדער וואו אין גאַס זיך שפּילען,
וועלען זיי זיך אין דערמיט פון שפּיל פאַרטראַכטען.
אַזוי וועל איך
אין איינעם פון די זומערדיגע פאַרנאַכטען
גיט־ווערען אין דער טומעלדיגער וועלט.

דו ביזט מיין גאָט!
און איך מיט האַרץ און לייב צו דיר באַלאַנג,
מיין האַר, מיין גאָט!
איך גלויב אין דיר. די וואונדער דיינע זיינען גרויס,
אין טיעף און אומעטיג געבעט מיין האַרץ געהט אויס
צו דיר, מיין גאָט!

איך געה אַרום אין שטוב און שמייכעל שטילערהייד.
און די באַקען מיינע פיהל איך פלאַמען.
עס פרעגט די מאַמע וואָס עס איז מיט מיר די פרייד
און דער טאַטע לאַכט פון מיר.
געה דערצעהל דעם טאַטען מיט דער מאַמען,
אַז דאָס קום איך ערשט פון איהר.

אָהן אויפהער זינגט מיין האַרץ איהר ליבען נאָמען אוים.
אין האַרצען גלעטען ווייכע סאַמעט בלומען.
זי האָט מיר היינט געשיקט אַ בלעטעל פון אַ רויז,
איז מיר גוט אַזוי דערפון.
איך וואָלט זיך אַליין אַרומגענומען,
זיך אַליין אַ קוש געטאָן.

עס האָט דאָס האַרץ פאַר גליק אַ נאָג געטאָן.
אין די אויגען מיינע פיהל איך טרערען.
די מאַמע פרעגט און שמייכעלט: „ביזט פאַרליעבט, מיין זוהן?”
פאַלט מיין בליק אַראָפּ צום דיל.
קושט די מאַמע צאַרט מיר אויף דעם שטערען
און די טרערען פליסען שטיל.

מיר זיינען געזעסען ביז שפעט אין דער נאַכט
אין דרויסען ביים פענסטער, ווי קינדער פאַרבראַכט.
איך האָב איהרע האָר שטיל געקושט און געגלעט,
און זי האָט געפלאַפּעלט, געשפּאַסט און גערעדט,
און אַלץ מיך געשראָקען:
— איך געה שוין, ס'איז שפעט. איך געה שוין, ס'איז שפעט.

איך האָב איהר געקושט, האָט זי אַזוי קאַלט
זיך כלומרשט געמאַכט: „איך האָב דיך ניט האָלד" —
האָט זי זיך צולאַכט, און געציטערט פון גלוסט,
געכאַפּט באַלד מיין קאָפּ און געפּרעסט צו איהר ברוסט,
געברענט מיר מיין אויער: אַך, וואָלסטו געוואוסט
ווי כ'ליב דיך מיין אינגעל, מיין ליבער, מיין גאָלד.

— איך בין — זאָגט זי — מאַמע, און דו ביזט מיין קינד.
נו, לעג־זשע דאָס קעפּיל אויפ'ן שויס מיר געשווינד.
איצט מאך נאָך די שעניקע אויגעלאך צו.
דו פאָלגסט ניט א מאַמען? — דו שלעכטינקער דו!
אָט געהט דאָך א בערעלע — בע־רע־לע—בו!
בע־רע־לע—בו!

זי האָט געזאָגט אַ גוטע נאַכט
און שנעל די טרעפּ ארויף געלאָפפען.
עס איז די טיר געבליבען אָפפען,
האָב איך איהר צוגעמאַכט.
און לאַנג שוין אַז איך שטעה ביים טיר
אין שטילען וועה אַלץ מורמלענדיג:
— אַ גוטע נאַכט. אַ גוטע נאַכט.

איך געה אַהיים, שוין שטונדען לאַנג
אַז כ׳געה און געה און הער זיך איינזאַם,
ווי טרוימענדיג פאַרבענקט עס טענה׳עט
דער ווייכער, באַנגער עכאָ־קלאַנג
פון מיינע טריט.
דאָס טענה׳עט ער, מיר דאַכט,
אין שטילער נאַכט פאַרטראַכט
דעם זעלביגען:
— אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט.

וואו איך שטעה און וואו איך זיץ,
צייכען איך — פּאָרטראַבט — און קריץ
איין־און־איינציג וואָרט בלויז: „מאָרגען“.
שמייכעל איך אין זיך פאַרבאָרגען
צו דעם איינעם וואָרט, דעם שטומען,—
„מאָרגען“ — מאָרגען וועט זי קומען.

כ׳זיץ דעם טאָג אַליין אין הויז,
כ׳הער דער זייגער טיק׳עט אויס
זיינע רגע׳ס, דוכט מיר טראָפּען
טריפען אויף מיין האַרץ און קלאַפּען.
עפּיס נאָגט אין האַרץ פאַרבאָרגען:
אוי, ווי ווייט ס׳איז נאָך ביז מאָרגען!

— ווען אין מיר זיך נאָך פאַרליבען — וואָרענט זי מיך
און די אויגען איהרע שטראַלען.
— מילא — זאָג איך מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען —
ס'איז במילא שוין פאַרפאַלען!

— שוין פאַרפאַלען? — קען זי כלומר'שט זיך ניט גלויבען —
— וועמען, בחור, ווילסטו נאַרען?
— ווייסט ניט נעביך — בייזער איך זיך —
— האָסט דאָך, מאָכטער, לאַנג שוין דאָס ערפאַהרען!

טוט זי שנעל אַ גלעט מיין שטערען — אָרים קינד מיינס!
וואָס־זשע וועט פון דיר איצט ווערען?
— אַ געליבטער — שפּאַס איך פרעהליך, ווערט זי שטרענגער:
— כ'זאָל דאָס מעהר פון דיר ניט הערען!

קומט אַן אומעט אויף מיין פּנים, לאַכט זי גליקליך.
ווערען מיינע בליקען טריבער,
נעמט זי שטיפענד־פרעהליך מיר דעם פּנים גלעטען:
— איז דיר עפּעס וואָס, מיין ליבער?

שווייג איך. וויל זי דוקא איך זאָל לאַכען. שפּאַסט זי.
נעמט מיך שטיקען אַ געלעכטער.
כאַפּ איך איהרע ווייסע הענטלעך, וויל זיי בייסען.
רוגז'ט זי זיך — ביזט אַ שלעכטער!

פיהרט איהר רוגז־שטימע מיך אַראָפּ פון זינען,
עפּעס טוט אַ שטראָם אַ וואַרעמס
איבער לייב און זעלע, ווילד פון ליבע כאַפּ איך
ווי אַ קינד איהר אין די אָרעמס.

דוכט מיר: כ'וועל אַזוי איהר האַלטען אייביג. אייביג.
און שוין קיינמאָל ניט באפרייען.
„גאָט וואָס טוט מען!" „קינד מיינס!". טויזענט ווילדע קלאנגען
רייסען זיך פון ברוסט צום שרייען.

פּרעס ביז וועה איך מיינע ליפּען אויף איהר נאַקען —
ווילט זיך אַזוי בייסען. בייסען.
בייס איך דורשטיג ס'אייגען ליפּ זיך איינ'עט, קייקלען
זיך אַרונטער אויף איהר ווייסען

נאַקען — ווי קארעלען פון אַן אָפּגעריסען
שנירעל — הייסע רויטע טראָפּען.

נויגט זי גראַציעז איהר בלאָנדען קאָפּ צו מיינעם צו,
רעגען זיך אין הארצען טויזענט ציטערדיגע טענער
קוים זי פליסטערט: ס׳אַרא שיינע נאַכט.
זעה איך איהרע בלויע אויגען, זאָג איך: דו ביזט שענער.
גלעט זי מיר אזוי די האנט און לאכט.
בין איך טאַקע אַזוי שיין?
זאָג איך: „ניין.

ווערט זי ברוגז — ווערט זי טויזענט פאַכיג שענער נאָך—
ווערט זי ברוגז — הערט זי אויף מיין האַנט צו גלעטען.
בעט איך זי און שווער זיך: דו ביזט שיין.
זאָגט זי: כ׳וועל מיט דיר זיך קיינמאָל שוין ניט איבערבעטען.
שרעק איך — איך וועל וויינען, וועסט שוין זעהן!
מאַכט זי חנ׳עוודיג אַזוי:
„בעד, בעד באַי!"

כ׳האָב איהר אָפּגעפיהרט אהיים און געה צוריק אליין
איבער לאַנגע שטילע גאַסען. עס הוידען זיך פאָרהאַנגען
אין די פענסטער. אַ ווינטעל ציהט.
איך וואָלט אַזוי כסדר אומגעגאַנגען
און זיך צוגעהערט ווי עס קלאַפּען אויס די טריט
אין דעם נאַכטליך שטילען בלוי:
בעד, בעד באַי. בעד, בעד באַי.

א

איך האָב באַשלאָסען מעהר מיט איהר זיך ניט צו טרעפען;
הערט דאָס האַרץ אין מיר ניט אויף פאר איהר צו וויינען.
אומעט קען מען אין די אויגען מיינע ליי׳נען,
אומעט און פאַרדרוס.
אך, מיין האַרץ און מיינע אויגען זענען
געגען מיין באַשלוס.

איך זיץ אַזוי די פינגער פון די הענט פאַרבראָכען,
און די אויגען מיינע, אומעטיגע, שטומע,
דוכט זיך, רעדען צו די פינגער: אוי, איהר דומע
פינגער, וואָס איהר זענט!
איהר וועט מעהר שוין קיינמאָל ניט באַריהרען
איהרע ווייסע הענט.

כ

האָב אויף הימעל־בלוי פּאַפּיער אַ בריעף ערהאַלטען;
שרייבט זי: „וואָרום קומסטו ניט צוגעהן?"
האָב דעם בריעף שוין טויזענד מאָל באַהאַלטען,
נעהם איהם באַלד צוריק אַרויס און לייען:
„וואָרום קומסטו ניט צוגעהן?"...

כ'ווייס ניט, ווי אַזוי, כ'האָב צו איהר טיר געטראָפען
שטיל, דערשראָקען אָנגעקלאַפּט אָן איהר —
ווי אַ הונט, וואָס איז פון הויז אַנטלאָפען,
קומט ביינאַכט און גראַבעלט שטיל אָן טיר,
האָב איך אָנגעקלאַפּט אָן איהר.

# מיין טרעפערין

זי טאַשט שנעל די קאָרטען און הייסט מיר
איך זאָל זיך פארקלערען.
שטיפעריש לאַכען די אויגען די בלויע,
קינדיש פארוואַרפט זי אַ לאָקען אַ בלאָנדען
פון איבער דעם שטערן,
און טרעפט מיר אַזוי:
— עס איז „יונגערמאַן" אייער „הערץ"
פון אַ ליבע געפאַנגען,
און יענע צו וועמען
עס טוט אייער ליבע באַלאַנגען
איז אַ בילד שיינע פרוי
איהרע האָר — זייט וויסען — זענען בלאָנדע,
איהרע אויגען — בלוי.

ווִיפיעל יאָהרען זענען שוין אַזוי פארבייגעפלויגען?
זאָל איך אפשר גלויבען, אַז דאָס איז אַ חלום גאָר?
האָב איך ווען געזעהן שוין דיינע בלויע אויגען?
האָט מיין האַנט שוין ווען געצערטעלט דיינע בלאָנדע האָר?

וויפיעל מאָל כ'האָב צווישען דיינע בריסט מיין קאָפּ פארבאָרגען,
זאָל אַ חלום זיין דאָס גליק פון ליבעס נעכט אָהן צאָהל?
ווי דורך כשוף מיט אַ יעדען ניי ערוואכטען מאָרגען
דוכט מיר, איך געפין זיך לעבען דיר צום ערשטען מאָל.

אַ פארשעמטער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגענלידער
פאַל איך מיט די ליפּען צו דיין הייסען קערפּער צו.
וויפיעל סודות — זאָג מיר — טראָגסטו איינגעשלאָסען אין די גלידער,
זייב מיינס, כלה מיינע, וואונדער שיינע מיידעל דו!

## א

זי האָט מיך באגעגענט מיט ליבליכע פרעהליכע בליקען
מיט ווארימער האַנט
און ער האָט ווי פרעמד און ניט גערן דערלאַנגט מיר אַ קאַלטע
אַ פראָסטיגע האַנט.

איך האָב איהם פארשטאַנען; עס האָט אַזוי הילפלאָז צושראַקען
געבעטען זיין בליק:
וואָס דארפסטו דאָ האָבען? די וועלט איז אַ גרויסע,
געה זוך דיר וואו אַנדערש דיין גליק.

איך האָב זיך געזעגענט — זי האָט מיר אַ בלימעל געגעבען.
ער האָט עס געזעהן,
געזעהן און געשמייכעלט, און זי האָט נאַאיוו מיך געבעטען:
„קומט מאָרגען צוגעהן".

כ

ער ליבט איהר, כ'ווייס;
אונ ער ווייס אויך,
ווי כ'ליב איהר הייס
און איינער איז צום צווייטען גוט ביז טרערען.
און זי. ווער ווייס?
איהר בליק זאָגט: „האָף"
אי מיר, אי איהם,
און וואָס דער סוף
וועט זיין דערפון איז מורא'דיג צו קלערען.

איך ווארט פאר זיי
אין גאָרטען איצט,
אַ שטילער וועה
האָט ליב און צאַרט טיין האַרץ אַרומגענומען.
איך טרעט אויף גראָז —
ווי ווייך עס רעדט.
איך בויג זיך איין
און טו אַ גלעט
און זאָג: זיי וועלען באלד צוזאמען קומען.

איך בלייב שטעהן שטום  
אונ וואַרט אונ הער,  
אין האַנט אַ בלום,  
אין האַרצען טיף אַ פיינליך־צאַרטעס נאָגען.  
עס הערען טריט  
זיך וואו אין גאַס,  
איך פיהל, עס ווערט  
מיין פנים בלאַס  
אונ ס׳הערט אַ ווייל׳ דאָס האַרץ מיינס אויף צו שלאָגען.

ג

ער האָט געזאָגט: אַ גוטע נאַכט.
אונ זי האָט איהם צום טיר באַלייט
און אומגעקערט זיך שטילערהייט,
דעם בליק אראָפּגעלאָזט — פארטראכט.

זי האָט זיך שנעל געטאָן אַ קער
צו מיר, אויף מיר איהר האַנט געלעגט
און שטיל און אומעטיג געפרעגט:
— ווארום ביזטו ניט שעהן ווי ער?

איך האָב געלאַכט. און ווי מיט שטאָל,
האָב איך אַ שניט. אין תּאַרץ דערפיהלט.
און זי האָט זיך געשפילט, געשפילט
מיט מיינע האָר, צום לעצטען מאָל.

איהם בינדט צו איינער צו, און האַלט איהם פעסט אַ רינגעלע פון גאָלד.
ווייס גאָט אַליין ווי צוועקלאָז לאנג ער האָט די צווייטע צאַרט געליבט,
און ס׳האָט גאָר קיינער רעם באגריף, ווי טיף ער האָט די דריטע האָלד.

די ערשטע, ווייס ער, ליגט אין בעט אַצינד און וויינט אַוועק די נאַכט,
עס האָט איהם מאָדנע אומעטיג די צווייטע היינט באטראכט,
און קיינער ווייס ווי שעהן ס׳איז יענע היינט געווען ווען ז׳האָט געלאַכט.

ער געהט אַהיים אין שטילער נאַכט, אהיים זי וויינט, ער טוט אַ לאַך.
ווי מאָדנע ס׳איז: איז שולדיג ווער? עס נאָגט אין האַרץ און עפּיס גלעט,
און וואָס? כאָטש נעם און וויין, און לאַך — אַ מאָדנע זאַך. אַ מאָדנע זאַך.

* * *

דו האָסט זיך געקלאָגט דאַן: איך גיב דיר קיין גליק ניט.
עס פלעגט מיך דאַן קלעמען,
עס האָט דאַן געבלוטיגט מיין האַרץ.
איצט ברענג איך דיר גליק און דו ווילסט עס ניט נעמען,
אוי, וועהטאָגט, אוי, בלוטיגט מיין הארץ.

דו האָסט ניט געוואָלט דאַן, איך זאָל דיך פארלאָזען,
האָסט טרערען פארגאָסען,
און מיר האָט געבלוטיגט דאָס האַרץ.
איצט קום איך צוריק און דיין טיר איז פארשלאָסען —
אוי, וועהטאָגט, אוי, בלוטיגט מיין הארץ.

עס מעגען אונז וועלטען צעשיידען,
מיר וועלען שוין איינער צום צווייטען
אויף אימער באַלאַנגען.
עס וועט ווי אַ שאָטען
דער עבר אונז אימער באַגלייטען,
אומזיסט זיך צוגאַנגען!

פיעל פרויען איך זאָל ניט אומאַרמען,
פון ליבע צו ליבע אומוואַנדערן,
נאָך דיר וועל איך בענקען.
און מעגסטו זיך פרעסען
פול פייער צום ברוסט פון אַן אַנדערן,
פון מיר וועסטו דענקען.

עס האָט דיין קלוגער בליק
אַ שפּיל געטאָן בלויז מיט מיין קינדיש האַרץ
און האָסט אַליין ניט וויסענדיג, געפאַנגען
די רוה פון מיינע טעג און נעכט.
און ווען דו ביזט פון מיר אַוועק
איז הינטיש טריי דיר נאָכגעגאַנגען
די רוה פון מיינע טעג און נעכט.

מיין קינדיש האַרץ
האָט אומגעבלאָנדזשעט קלאפּענדיג פון טיר צו טיר,
געזוכט אויף אַלע קרומע וועגען
די רוה פון מיינע טעג און נעכט.
די בענקשאַפט האָט מיך צו דיין טיר געבראכט
און ביי דיין שוועל איז הינטיש טריי געלעגן
די רוה פון מיינע טעג און נעכט.

# מיינע קינדער

ווי א קינד פארטראכט אין שפּילען, זיצסטו ביי דעם וויגעל, יונגע מאַמע,
און דיין כלומרשט ערנסט פּנים זעהט אויס קינדיש חנ'עוודיג אַזוי,
קינדיש חנ'עוודיג דער פּנים און די אויגען קינדיש בלוי.

מיט א שמייכעל אויף די ליפּלאך, שלאָפט דאָס קינד אין וויגעל,
צייט אויך אַז די קליינע שיינע מאַמע זאָל שוין שלאָפען געהן.
נאָר די קליינע שיינע מאַמע שאָקעלט מיט דעם קאָפּ אויף ניין.

קום, איך וועל דיך ווי א קינד אויף מיינע הענט פארוויגען.
אָט אזוי, דעם קאָפּ מיר אויפ'ן הארצען, שליס די אויגען צו —
זאָלען מיינע שיינע, מיינע קליינע קינדער שלאָפען, ליו־ליו־ליו.

האָפּ, האָפּ, האָפּ,
אָט, אָ, בייס איך ביי מיין קינד, אַ הענטעל אָפּ,
און די שעהנע אויגען, נעמט די מאַמע צו ביים קינד.
אוי' וועה, בעסער זאָל די מאַמע דיינע ווערען בלינד.
שלעכטע, שלעכטע, מאַמע דו,
נו, נו, נו.

האָפּ, האָפּ, האָפּ,
אוי, איך וועל אַזוי פון זין אַראָפּ.
גוטע מענשען, קומט און נעמט ביי מיר דאָס קינד'ל צו!
שנעל באהאלט זיך! אוי, וואו איז דאָס קינד מיינס וואו?
האָט ניט ווער מיין קינד געזעהן?
ניין. ניין. ניין.

# ימי הַגולה

א

עס זענען דיינע האָר אַזוי שווארץ, אַזוי ווילד,
און דיינע גרויסע אויגען זענען שווארצער נאָך און ווילדער,
דאָך איז דער פנים דיינער אַזאַ צאַרטער, אַזאַ מילדער,
און שמייכלען שמייכעלסטו אַזוי ליעב, אַזוי מילד.

איך האָב געהערט דו האָסט געערדט פול גלוט און פיין,
דיין שטימע האָט אין בלוט ביי מיר די ליידענשאַפט געצונדען,
און יעדער וואָרט האָט מיך דערמאָנט אין בלוטענדיגע וואונדען
און יעדער וואָרט האָט מיך דערמאָנט אָן גלוטיג רויטען וויין.

ב

עס האָט אַ שוואַן, אַ ווייסער שוואַן
זיין שנאָבעל אין דיין ברוסט געשטאָכען,
האָסטו מיט פּיין און ליידענשאַפט געבראָכען
די פליגלען פון דעם ווייסען שוואַן.

און צו דער בלוטענדיגער וואונד
האָט זיך דיין קאָפּ אַ שכור׳ער געבויגען,
און מיט די שווארצע אויסגעסטאַרטשטע אויגען
האָסטו באריהרט די רויהע וואונד.

## ג

אַן אַלטער פארלאָזענער פּאַלאַץ
מיט טילען פון שפינוועבס באהאנגען,
אין נעצען פון גרויזאמער תאוה
דאָרט זענען זיי ביידע געפאנגען⊙

אויף קאַלטען, אויף שפּיציגען מאַרמאָר
אַ נאַקעטע ליגט זי צעוואָרפען,
די גלידער וויברירען און ציטערן,
ווי סטרונעס פון שפּילענדע האַרפען⊙

מיט שטשירענדע קלאפּענדע ציינער
אַ נאַקעטער קומט ער צופּויזען,
דעם נאַקעטען לייב איהרען פליקט ער
מיט ווילדע, מיט שטעכיגע רויזען⊙

זיי קאָרטשען זיך ביידע צוזאמען
און פּייניגען איינער דעם צווייטען
און קרעכצען און לאכען און וואָיען,
ווי ס׳וואָיעט אַ הונט נאָך אַ טויטען⊙

און פלוצים זיי פּראַלען פֿאַנאַנדער
זיך יעדער אין ווינקעל פֿאַרשלאָגען
און ס׳הערט זיך אַ כליפּען אַ שטילער,
ווי קינדער פון טאַטען געשלאָגען.

* * *

דאָס האָב איך געהערט אין דיין שטימע
ווען כ׳האָב דיך געהערט אַמאָל ריידען,
דיין שטימע פול גרויזאמע תאוה,
דיין שטימע פול הייליגע ליידען.

ד

— מימי אגוליא —

וואָס איך טו, און וואו איך בין,
ליגט דיין נאָמען מיר אין זין.
צו דיין וועזען ווילד און שיין
פאַסט דיין נאָמען ווי אַ קרוין:
— מימי אגוליא —

ווען איך רעד דיין נאָמען אויס,
שוועבט דאַן פאר מיין בליק ארויס:
האָר און אויגען, ווילד און שוואַרץ,
און אַ שטימע שניידט מיין האַרץ
— מימי אגוליא —

זינט איך האָב דיין רוף געהערט,
געה איך אום אַזוי פארקלערט;
עפּעס טוט אין האַרץ אַ ריס,
ווייס איין גאָט נאָר וואָס מיר איז
— מימי אגוליא —

פרויען, פרויען,
האַוועז מיינס און יאָגען,
פרויען, פרויען,
גורל פון מיין לעבען,
ווער האָט אייך די הערשאַפט איבער מיר געגעבען?
זין פון מיין צושטערען, אינהאַלט פון מיין בויען —
העי, איהר פרויען!
העי, איהר פרויען!

פרויען, פרויען,
אומרוה אין מיין האַרצען,
פרויען, פרויען,
ליכט אין מיינע אויגען,
ביי דעם שפּיגעל שטעה איך שעה'ן לאַנג געבויגען
און איך שמייכעל צו מיין יונגען קאָפּ דעם גרויען —
העי, איהר פרויען,
העי, איהר פרויען!

* * *

איך האָב געטרוימט פון ווייסען יום טוב;
איך האָב געפיהלט אין שלאָף, ווי ווייסע שלייערס
פאַלען — — פאַלען אין דעם בלויען רוים.
עמיץ האָט מיט בלייכע פינגער אויף די שויבען ווייך געגלעט,
ווי אַ ליעבעס־פּאָר, וואָס בעט זיך נאָך אַ לאַנגען רוגז איבער,
האָט מען ביי די פענסטער עפּיס באַנג און סודות׳דיג גערעדט.
און סודות׳דיג און באַנג
האָט זיך אין האַרץ ביי מיר געוועבט אַ ווייסער טרוים.
דער טרוים פון ווייסען יום טוב.

# I – אין ווייסן מאָרגן ליכט

### א

איך האָב אין טרוים פון מאָרגן שלאָף,
אַ יום טוב פרייד אין האַרץ דערפילט.
און אויף מיין צוגעמאַכטער ברעם און שלאָפענדיג געזיכט
האָט זיך אַ ניי־געבוירען ליכט געשפילט.
איך האָב ערוואַכט —
אַ יום־טוב׳דיגער גלאָקען קלאַנג האָט זיך געוויגט
אין ים פון זילבער ווייסען ליכט,
האָב איך אין קישען דאָס געזיכט באַהאַלטען
און געלאַכט אין זיך, ווי עס לאַכט אַ קינד ענטציקט.

## כ

אַ יום טוב אום זונטאָג געפאַלען,<br>
ליגט מען אין די בעטען שפעט.<br>
איך הער אין האַלב־פאַרמאַכטער טיר פון צווייטען חדר<br>
רעדען מאַן און ווייב, נאָך ליגענדיג אין בעט,<br>
ווי עס רעדען טאַטע־מאַמע שבת פריה־ אין שבת רוה ערוואַכט.<br>
אין שטיל געשפרעך אַ פרייד זיך פיהלט,<br>
אַ פריה ערוואַכטעס קינד זיך שפילט אויף מאַמעס שויס,<br>
און שטיפט אַרום און לאַכט. און לאַכט. און לאַכט.

ג

איך שטעה אויפ'ן דרויסען טרעפּ פון טיר
און זעה אַ טרוים מיט אויגען וואַך:
אַ נאַקעטע, אַ ווייסע ליגט די ערד —
אַ כלה אין דעם חופּה טאָג פאַרקלערט.
דער שלייער, דאָס ווייסע חופּה קלייד,
צעוואָרפען ליגט אויף בוים און דאַך —
ס'איז חופּה טאָג.
עס האָבען ערד און הימעל — חתן כלה — זיך געֿרוגז'ט לאַנג
און איינס דאָס אַנדערע געקוועלט.
עס ווערט אַ חופּה היינט געשטעלט,
און דער מחותן, גאָט, האָט צוגעגרייט, אַלס חתונה געשאַנק
אַ נייע זון.
עס בליקט די זון מיט ווייס און יונג געלעכטער אויף דער וועלט,
דער רוים צו ענג פאַר איהר;
צעדרינגט איהר שיין אין יעדען פענסטער שפּאַלט אַריין,
און וועקט די וועלט פון שלאָף,
און קושט די צוגעמאַכטע בריעם אין טרוים.

ד

עס שטעהט אַ מיידעל קעגענאיבער,
שטעהט פאַרגאַפט אַזוי.
און איך און זי — מירביידע
וואַגען ניט דעם ערשטען טראָט צו מאַכען;
מיר טוען ביידע גלייך דעמזעלבען טראַט
און ביידע זיך צולאַכען — —
און ביידע שטעלען ווייך פאַרליעבטע טריט אין קלאָרען שניי.
עס פראַלט אַ טיר זיך אויף,
עס לויפט אַ קינד אַרויס און בלייבט פארוואונדערט שטעהן,
באַטראַכט אַלץ, ווי אַ חיה׳לע אַ קליינס,
מיט אויגעלאך ווייט אָפען,
און טוט אַ שפרונג, אַ טאַנץ, און לויפט. און לויפט.
אַ גליק האָט איהם געטראָפען —
אַ יום־טוב אומגעריכטערהייט, אַ וואונדער איז געשעהן.
און איך און זי
מיר געהען ביידע שטיל פון ביידע זייטען גאַס,
ווי קינדער צווייי, וואָס שפּילען זיך אין רוגז,
נאָר די בליקען קושען זיך און גלעטען.
און נאָך אַ ווײַלע וועלען מיר זיך גאָר אין גאַנצען איבערבעטען
און געהן ביינאַנד —
מיט ווייך פאַרליבטע טריט און קלאָרען שניי.

ה

אין מיטען גאַס, אויף אומבאַריהרטען שניי,
לויפט אַ ווייסער הונט.
לויפט אַ לייכטער און אַ פרעהליכער אַזוי,
ווי עס וואָלט אַ באָרוועסער גימנאַסט
מיט לייכטע טריט געלאָפען.
אייל איך נאָך דעם שנור פון טריט,
ווילט זיך מיר אַזוי דעם ווייסען הונט דעריאָגען,
אויף זיין ווייכען פעל, דעם קאָפּ אַנידערלעגען,
ערגיץ אין דער וועלט אַריין: גוט יום־טוב זאָגען.

ן

טירען פראַלען.
עס האָט די וועלט פון שלאָף ערוואַכט,
און יעדער ווייס שוין פון דעם ווייסען יום טוב —
אין די שעהנסטע יום־טוב'דיגע קליידער
קומען אַלע.
יעדער עפּיס מיט אַ שעהמעדיג געזיכט;
ניט געוואוינט נאָך צו דעם נייעם ווייסען ליכט,
זשמורעט מען די אויגען און מען שמייכעלט מאָדנע.

## II – דער יום טוב טאַנץ

ז

ווייס דער וועג, אין גאָלד געשניטען ;
פליהט אַ שליטען נאָך אַ שליטען,
אין דער לופט די בייטשען קנאַלען ;
בייטשען־קנאַל און יונג געלעכטער
אין א ים פון ליכט און גאָלד,
און בריליאַנטען פאַלען. פאַלען
אויף די קעפּ פון יונג און אַלט.

ח

שניי און ליכט און זילבער־קלאַנגען,
ווי עס וואָלט אין רוים געהאַנגען
גאָלד און זילבער האַרפּען.
געהען בחורים און מיידלאך,
ראָזע באַקען, קורצע קליידלאך
און די האָר צעוואָרפען.
טהוט אַ מיידעל אַ געשריי:
„וויל ניט ווער אַ מענשען מאַכען?" —
וואַרפט אַ בחור זיך אין שניי
און די מיידלאך לאַכען.

ט

יאָגט מען זיך אַרום אין שניי
מיט אַ ווילדען פרייד־געשריי,
יונג און אַלט צוזאַמען.
יאָגט אַ קינד זיך נאָך דער מאַמען
און דער טאַטע לויפט נאָך זיי —
קומט אַ מיידעל אומגעריכט,
גלעט דעם טאַטען׳ס הייס געזיכט
מיט אַ הויפען קאַלטען שניי.
איהרע פינגער ברענען, ברענען,
און די אויגען שכור זענען
פון דעם ווייסען ליכט.

קלינגען גלעקער הויך און שאַלען,
און די זון צושליידערט שטראַהלען
רעכטס און לינקס.
פריידענס־כוואַליעס רוישען, ברויזען,
פרעהען פרעהט זיך קינד און קייט.
אין די אויגען ברענט די פרייד.

יא

ערד און הימעל — חתן־כלה,
מחותנים זענען אַלע,
ווער נור עס באַגעהרט.
און די זון! די זון איז שכור,
נאָך אַ ווײַלע וועט זי שטיקער
פון זיך פליקען
און זיי וואַרפען צו דער ערד.

יב

עס איז געשעהן ! עס איז געשעהן !
אַ בלינדע וועלט האָט ליכט דערזעהן,
און געהט פאַר גליק אַראָפּ פון זינען.
עס ווייס דער מענש ניט וואָס צו טאָן פאַר פרייד.
ער האָט אַ נייע זון געזוכט
און ענדליך זי געפונען.
עס טאַנצט די וועלט איהר יום־טוב טאַנץ,
און אַלע פלעכטען זיך אין קראַנץ
פון ווייסער פרייד אַרומגענומען
און פריי פון יאָך !
אויף אייביג פריי פון גרויער וואָך —
דער ווייסער יום־טוב איז געקומען !

# III - מידע קלאַנגען

יג

אַ צעפלאַמטע און אַ מידע
האָט די זון גענומען פאַלען צו דעם מערב־ראַנד פון הימעל ;
מיט אַ ראָזען שמייכעל איז זי מיד געבליבען ליגען
אין אַ טייך פון בלוטיג רויטע שטראַהלען.
שטעהט אַ מלאך איהר צוקאָפּענס
און אַ קראַנץ פון רויזען פלעכט ער.
באַנגע גלאָקען קלאַנגען נעמען זיך אין לופטען וויגען,
פיהלט די זון זיך הילפלאָז,
לאַכט זי מיט אַ בלוטיגען געלעכטער.

## יד

ראַנגעלט זיך אַ זון אין טויט עקשנות,
וויל זיך ניט צעשיידען מיט דעם ווייסען יום־טוב
און די פרייד אין מיטען לאָזען.
גרויס די פרייד געווען,
דאָך גרעסער זענען איצטער איהרע ליידען.
טויזענד פאַרביג צערטעלט זיך צום הימעל־ברעג
איהר שטומער וועהען־קרעכץ
און לאָזט זיך ציטערדיג אַרונטער אין אַ ראָזען באַנגען אומעט,
לאַנגזאַם. לאַנגזאַם. לעשען זיך די שטראַהלען און פאַרגעהען.

## טו

עס האָט ראָס גאָלד זיך וואו צעפלאָסען
און דאָס זילבער מאַטער ווערט,
עס האָט אַ מידקייט זיך צעגאָסען
אויף דער ווייסער, מאַטער ערד.

ערגיץ אויף אַ שויב אַ בלאַנקער,
שפּילט זיך נאָך אַ שטראַהל פון גאָלד;
און ער שמייכעלט ווי אַ קראַנקער
וואָס ווערט זיכער שטאַרבען באַלד.

מידע ציהען מענשען־פּאָרען,
שטיל באַגלייט פון אָוונער ליד;
פערד און שליטען לאַנגזאַם פאָהרען
און די גלעקלאך קלינגען מיד.

טז

בלויע שלייערס, ווייסער זייד,
פאַלען ווייך אין ווייטען ווייט,
מישט זיך זילבער אויס מיט בלוי.
ווייכער אומעט טונקעל גרוי
לעגט זיך אומעטיג אַוועק
אויף אַ זילבער ווייסען דעק.

מערב זייט פון הימעלס־ראַנד
אין אַ ריזען ווייסער האַנד
פון אַ שאָטענדיג געשטאַלט
אויף אַ טאַץ פון מאַטען גאָלד
גליהט אַ פייערדיגע רויז —
גליהט און גליהט און לעשט ניט אויס.

# אין א פריהלינגס־טאָג

הו־הו, הו־הו,
ווער ביזטו און וואו ביזטו,
וואָס דו רויבסט פון מיר די רוה
אין דעם שיינעם פריהלינגס־טאָג?
צי פאר׳כשופ׳ט איז די לופט,
וואָס מיר דוכט אַלץ, אַז מען רופט
הו־הו, הו־הו?

הו־הו, הו־הו,
ביזטו דאָרט און ביזטו דאָ.
וואו איך קום ביזטו ניטאָ.
געה איך אום פון גאַס צו גאַס,
געה איך אום פון טיר צו טיר.
ווי אין חלום רופט צו מיר
הו־הו, הו־הו.

הו־הו, הו־הו,
פיהרט מיך אָפּ אַהיים צוריק.
מיד און שכור איז מיין בליק
פון אַזוי פיל זונען־ליכט.
און דער קאָפּ מיר, דרעהט זיך, דרעהט,
און דאָס האַרץ פון וועה צוגעהט —
הו־הו, הו־הו.

א

אוי די ראָזע, רויטע, ווייסע בליטען
מאַכען שכור מיינע אויגען.
ווי אַ שעהנער רעגענבויגען
זעהט איצט אויס דער גאָרטען.

זעה נאָר קינד מיינס; ווי עס פאלען
בליטען אויסגעמישט מיט שטראהלען.
און ווי טרוימען
בלייבען מיט אַן אומעט שמייכעל הענגען
אויף די צוימען
ראָזע, רויטע, ווייסע בליטען.

שכור טרינקען זיך די אויגען מיינע
אין די כוואַליעס בליט קאָלירען.
רוים און הימעל וועלען באלד זיך אויכ'עט
אין דעם בליטען־ים פארלירען.
אוי, די ראָזע, רויטע, ווייסע בליטען
וועלען מיך פון זינען פיהרען.

71

ב

זעהסט ווי ערד און הימעל לאכען, לאַכען,
עפּיס, ווי געריהרט פון זינען?
ליבסטע, לאָמיר שנעל אַנטרינען
פון דעם טויזענט פאַרביג,
ווילד משוגענעם געלעכטער.
שנעלער קום אַריין אין וועכטער שטיבעל
דאָרטען זיך באהאלטען.
אוי, דער הימעל און דער גאָרטען
וועלען מיך משוגע מאַכען.

זעה, איך בעט דיך, קינד מיינס, לאך ניט!
בליטען פארבען דאכט מיר הער איך
אין געלעכטער.
זעה, איך האָב שוין מעהר ניט וואו אַוועקצוקערען
מיינע אויגען.
וועת, די אויגען מיינע וועלען באַלד משוגע ווערען.

ג

ליבע מיינע, לאָמיר אין אַ שווארצען חדר
שנעלער זיך באהאלטען.
צוגעמאַכט די לאָדען האַלטען
אימער! — ניין! — פארפאלען!
כ'וועל אַזוי שוין, קינד מיינס, שטאַרבען
מיט די אַלטע בליטען פארבען
אין די אויגען.
אוי די ראָזע, רויטע, ווייסע בליטען
ווי זיי זויגען
מיר דאָס בלוט פון האַרצען.

אייביג וועלען שוין די בליטען פארבען
צו די אויגען מיינע וואונקען,
כ'זעה שוין גאָר ניט פאר די אויגען
אויסער ראָזע, רויטע, ווייסע פונקען.
כ'וועל אַזוי שוין אייביג. אייביג. אייביג.
אין דעם בליטען ים זיך טרינקען.

עפעס האָט א ריעז א שפּאַן געטאָן
צווישען ערד און הימעל
און ניט לאנגע הענט
גענומען אין דער לופטען וויגען.
ערגיץ האָט פאר שרעק
אַ פויגעל זיך צושריגען.

וויגט אַ טיר זיך ערגיץ אויף און אָפּ,
פלאַטערן גארדינען
אין דער גרויער לופט.
און לאנגע שאָטענס, ווי געשפענסטער
שארען זיך ביי ווענט,
פארקוקען אין די פענסטער.

שלאָפט וואו עמיצער אליין אין הויז
וואכט ער אויף דערשראָקען.
ליגט ער בלאס און הערט
און וואַגט זיך ניט פון אָרט צו רירען —
עמיץ געהט ארום
און שליידערט מיט די טירען.

# טענ'ס

## א

אין די לייכטע טעניס קליידער,
נעץ און שליידערער אין האַנט,
שפרינג איך פון די שטיינער טרעפען
דריי און פיער ביינאַנד.

פריש מיין לייב פון קאַלטען וואסער
און מיין טראָט איז שנעל און לייכט;
ס'איז דער מאָרגען נאָך אַ בלאסער,
דער אַספאַלט איז קיהל און פייכט.

דרעמעלט שטעהענדיג אַ וועכטער,
געה איך זיך איהם שטיל פארביי;
ערגיץ טראָגט זיך דורך מיט טומעל
נאָך אַ ליידיגער טראמוויי.



ליגט אין שאָטען נאָך דער ליכטיג־ברוינער טעניס פעלד.
אונטער מיינע טריט די לייכטע פיהל איך נאָך דעם הויך פון נאַכט.
מיט מיין קומען, האָט דער סאַמעט־ווייכער טעניס־פעלד ערוואַכט.

ציה איך אויף די גלאַטע אייזען־שטאַנגען אָן דעם נעץ,
טריפט אויף מיינע פינגער פון די שטאַנגען פרישער, קיהלער טוי.
אויסגעשפרייט דער נעץ איז, שפרינג איך איהם אַריבער גלאַט אַזוי.

קומט אַ צווייטער שפילער, באַל און שלידערער אין האַנט.
וואַרפט פון ווייט: „גוט מאָרגען!" וויג איך מיט דער האַנט צוריק: „גוט יאָר!"
אויסגערוהט און פריש די הענט נאָך זענען און דער בליק איז קלאָר.

שטעהען מיר צום שפילען גרייט פון ביידע זייטען נעץ.
איינער אין דער לופטען אויסגעצויגען און דער צווייטער אויסגעבויגען היט,
טוט אַ וויג זיך האנט און קערפער און דער באַל אין לופטען פליהט.

ג

אין די ווייסע קליידער קומען, קומען
פאָר נאָך פּאָר,
פריש פון שלאָף געוואַשען יעדער פנים,
פּייכט די האָר.

שפּרייטען בחורים די נעצען — מיידלעך
העלפען זיי,
און זיך בויגענדיג אנטבלויזען בריסטען
קלאָר ווי שניי.

פרישער לייב און פּייכטע גראָזען, מאָרגען־
ליכט און דופט,
פליהען באלס באַגלייט פון יונג געלעכטער
אין דער לופט.

ד

אַלע נעצען אָנגעצויגען,
חיים געפּאַסט דער געלער זאַמד.
שטייף אין שליידערער די סטרונעס,
ווי די אָדערען אין האַנד.

ווייסע קליידער פאר די אויגען,
שלאַנקע בלויזע פּרויען הענט,
יונגע מענער שטאַרק און בויגיג,
און די פּנים׳ער פארברענט.

הענט און שליידערער ווי פליגעל,
יעדער קערפּער ווי אַ שלאַנג.
טרייבט מען אום די באלס אין לופטען
מיט אַ שנעלען ווייכען קלאַנג.

ה

װיגען זיך די שלײדערער,
פליהען באלס אום הין־און־הער.
קלינגט אין לופטען, דוכט זיך נאָר,
אַז עס שפילען טױזענט הארפען.
אויף מאטראסקעס זײבער קלאָר
װײכע פרויען האָר צעװארפען.

הײס די לופט און פול מיט קלאַנג,
און דאָס שפיל אין פולען גאַנג,
האַנט און קערפער לײכט און פלינק,
ברײט און װײט די אויגען אָפען,
טוט דער שלײדערער אַ זינג
און דעם באל אין ציל געטראָפען.

1

קומט אַ פרעמדער באל צופליהען:
  וויל זיך אויסבאהאלטען לעבען מיינע פיס.
יאָגט נאָך איהם זיך אין דער לופטען
  נאָך אַ קלינגענדיגע פרויען שטים: באל — פל—י—עז!

שטעהט זי דאָרטען אומגערולדיג,
  וויגט די הענט צו מיר אין קינדישען קאַפריז,
און דער גאַנצער קערפער איהרער
  בעט זיך: שנעלער! שנעלער! שנעלער — באל —
פל—י—עז!

2

אָפגעשפילט שוין, אַ פארשוויצטער און אַ מידער
  שמייכעל איך צו זיך אַליין ניט ווימענדיג פארוואָס.
דורשט און גלוט אין יעדען גליד פאל איך אַנידער
  אין דעם שאָטען פון אַ בוים אויף קיהלען ווייכען גראָז.

מיט דעם צייכען וועגעל געהט פארביי דער וועכטער,
  טרעט זיך אַזוי לאַנגזאַם מיט די גרויסע שווערע שיך.
הינטער מיר וואו הערט זיך מיידעלשער געלעכטער,
  און די אויגען מיינע לאַנגזאַם, לאַנגזאַם שליסען זיך.

## ח

איך ליג און רוה מיט יעדען גליד, די אויגען האַלב פארמאַכט.
איך הער ווי קינדער שפילען זיך. מען רעדט, און עמיץ לאַכט.
און פאר די אויגען: קליידער ווייס, און קערפער בויגיג יונג,
און יעדער האַנטבאַוועג און קערפערקער פול קראַפט און שוואונג,
אויפ'ן וועג אַ וואגען פאָהרט זיך לאַנגזאם, אַן אויטאָמאָביל.
עס שטעהט אַ איד פארטראכט און קוקט זיך צו צום טענים שפיל,
עס פליהט אַ באל אַרויס, הויבט אויפ דער איד איהם אויף
און לעגט פארשעמט איהם אויף אַ מיידעל'ס שליידערער אַרויף.
די מיידעל לאַכט און דאַנקט, און עפּיס ווי אַ שולדיג קינד
פארשעמט און שמייכלענדיג געהט ער אַוועק, געשווינד.

ט

עס האָט די זון אין מיטען הימעל זיך פארגעסען
און געהיט דאָס טעניס שפּיל פאר שטונדען לאַנג.
און מיט אַמאָל האָט איהר דאָס גאַנצע שפּיל דערעסען,
לאָזט זי זיך אַראָפּ אַראָפּ אין שנעלען גאַנג.

אַ ווינטעל קומט פון ערגיץ שטיל, אַ הויך אַ קיהלער
טוט אַ גלעט אַ הייסע האַנט, אַ זוים פון קלייד,
און קושענדיג די קעפּ פון אַלע טעניס שפּילער
שפּרייט זיך עס אויפ'ן ווייכען זאַמט אויס שטילערהייט.

א

טויזענט פארביג גליהט די אָווענט בענקשאַפט רונד אַרום דעם הימעלס ראנד,
און די שטאָרט פון ווייטענס, ווי זי וואָלט זיך אין אַ פאַרביג שלייער הילען.
דאָ און דאָרטען זעהט מען נאָך אַ פייערדיגען שטראַל זיך שפילען
אויף אַ מיידעל'ס פנים, אויף אַ בחור'ס האַנט.

שפילער שפעט געקומענע דערשפילען אַזוי פיבערהאַפט און גיך.
איבער'ן טענים פעלד צעווארפען, שטיפען אום און לאַכען מידע פאָרען.
עמיץ זוכט אַזוי אַרום אַ באל אין שאָטענדיגען גראָז פארלאָרען,
און אַרום אַ בוים וואו שפילען קינדער זיך.

לעער די שטאַנגען, טונקעל וויכער ליבעס אומעט שפרייט זיך אין דער לופט;
פאָרלעך געהען אום און זוכען בענק וואו אונטער בוימער זיך צו זעצען.
ווייט ווייט האָט די שטאָט אַרויסגעוואָרפען איהרע פייערדיגע נעצען,
זינגט איהר רוישיג ליד און רופט צו זיך און רופט.

# אין א וואָכעדיגען טאָג

עס טרעפט דו ביזט אין מיטען העלען טאָג אַליין אין הויז,
אַ שטילקייט לויערט שטום פון יעדען ווינקעל שטוב אַרויס,
אויף איינצושלינגען גרייט דעם מינדסטען שאָרך.
און דו ליגסט אָפּגעלאָזט און פויל אויפ׳ן סאָפע שטונדען לאַנג,
און פויל און שלעפעריג זיך ציהט א נעבעלדיג געדאַנק
אין מח — דענקסט און דענקסט ניט, ליגסט אַזוי,
דער בליק געצילט בלויז אויף אַ גרוי פארשטויבטע בילד
פון וואַנט,
אַ בילד וואָס האָסט שוין טויזענט מאָל געזעהן, און אַלט באַקאַנט
איז דיר אַ יעדער שטריך. און מאָדנע פרעמד
איז דיר די שטילקייט דאָ, און גרוי און וואכענדיג די רוה.
דו הויבסט אָהן ציל זיך אויף און געהסט צום פענסטער צו,
דאָרט שלאָגט דיין בליק זיך אָן אָן מויער־ווענט,
און הערסט ווי ס׳קלאַפּט אָן זיי דאָס כוואליענדיג גערויש פון גאס
און פיהלסט זיך ווייט פון יענעם משוגעת
וואָס מענשען רופען: גרויסע שטאָט, און זעהסט:

ווי ס׳פּראַלט זיך אויף די טיר פון הויף, און ס׳איילט אַריין
אַ שטיק פון יענעם וואַנזין:
אָט שטעהט דאָס מענשען קינד פון שטאָט מיט שטריק
אויף זיינע פּלייצעס אָנגעהאנגען פיל,
דעם קאָפּ פארריסען הויך,
און ווי דאָס וואָלט אַ קללה זיין צו גאָט אין הימעל
ציהט ער לאַנג זיין וואָיענדיגען „ל—י—י—ן“.
דאַן כוואליעט אויף דער אומרוה טיף אין האַרץ ביי דיר
און ערגיץ געהן ווילסטו, נאָר וואו?
וואָלסט עפּיס טאָן און ווייסט ניט וואָס,
און ס׳רעגט דיך אויף דער טאָג, די העלע זון,
און זינלאָז זעהט דיר דאן דאָס לעבען אויס.

געשטאַקלאָז געקליידט,
שרייענד און טאַקטלאָז מיט פּוצעכץ און צירונג באהאנגען,
אין פאַלשען, אין רעגענדען גלאַנץ,
געהען זיך גאַסען צוויי, אונטער די רוישענדע קלאַנגען
פון שטאָל און פון אייזען
אַ ווילדען, פארפלאָנטערטען טאַנץ.

עס פּילדערט דאָס אייזען.
ס׳ליארמען גלעקער, אַ פּויקען, אַ פּייפען, אַ שרייען,
אַ רוישענדע ווילדע מוזיק.
ס׳ציהען זיך מענשען, קארעטען און פערד און טראמווייען
אין שטויביגען שלייער
פארפלאָנטערט — אַהין און צוריק.

קארעטען און מענשען,
פערד און טראמווייען געטשעפּעט צוזאמען זיך קרייצען
און פלעכטען ביז שפּעט אין דער נאַכט.
טרעפט זיך, עס מאַכען די גאַסען אַ פּלאָנטער אין טאַנצען,
באווייזט זיך דער טייוועל,
מיט בלוט־רויטע ציינער, און לאַכט.

# אין אַ טענעמענט הויז

אונהיימליך און רושנע, א מייזעל וואו שאַרכעט.
עס וויגען זיך שאָטענס, עס קאַפּיעט א לעמפּעלע וואו,
עס סקריפּעט א וויגעל — א דרימלענדער נגון וויגט צו:
האַ־האַ, האַ־האַ, האַ!
האַ־האַ, האַ־האַ, האַ!

האלב שלאָפענד די מאמע ביים וויגעל פארמאטערט
פון טעגליבע ארבייט פון שווערע, פון שלאָפלאָזע נעכט,
א זיפץ און א הילפלאָזער מורמעל: אוי קינד ביזטו שלעכט!
האַ־האַ, האַ־האַ, האַ!
האַ־האַ, האַ־האַ, האַ!

אין הילצערנעם בעט שלאָפט דער טאטע א מידער
און ווארפט זיך ארומעט פון סקריפּענדען וויגעל געוועקט,
עס נאָיעט אין מח דער נגון און זעגט דאָרט און זעגט:
האַ־האַ, האַ־האַ, האַ!
האַ־האַ, האַ־האַ, האַ!

עס הערט זיך א כראָפען פון ערגעץ א חדר,
און עמיצער זיפצט דאָרט ארויס א פארשלאָפענעם „אוי" —
און ס׳בעט זיך דער נגון און בעט זיך פארדראָסיג אזוי:
האַ־האַ, האַ־האַ, האַ!
האַ־האַ, האַ־האַ, האַ!

עטליכע עלענדע טויט מידע בוימער,
פֿאַר עפּעס אַ זינד דאָ צעשטעלט,
שטעהען גלייכגילטיג, ווי מענשען וואָס האָבען
אויף אייביג פֿארשפּילט זייער וועלט.

ס'הענגען די בלעטער פֿאר'חלש'ט אַרונטער,
און דוכט זיך: אָט פֿאַלען זיי באַלד.
גראָזען פֿארשטויבטע, פֿריהצייטיג פֿארוועלקטע,
געגאַרטעלט אין קאַלטען אספאלט.

מענשען פֿארשלאָפֿענע זיצען גלייכגילטיג,
די בליקען פֿארלאָשען און בלאַנק,
עפּעס ווי ס'וואָלט זיך איעדער באזונדער
באהאַלטען אַ זעלבסטמאָרד געדאַנק.

עס האָט אַ מיידעל היינט אין שאַפּ ביי אונז געוויינט.
גענעסען ביי דער אַרבייט, אַזוי פרעמד, פאַרלוירען.
מיטאָג צייט האָט זי אַ בריעף געליי'נט, געליי'נט.
און אויף דעם בריעף געפאַלען זענען איהרע טרערען.

מיר האָבען אַלע שטיל געאַרבייט — שטיל און בלאַס.
עס האָט דער טאָג זיך אַזוי שווער און לאַנג געצויגען,
און זענען מיר פאַרנאַכט פון שאַפּ אַרויס אין גאַס
האָט זיך געדוכט, אַז יעדער האָט פאַרוויינטע אויגען.

## עס טרעפט א טאָג

צי איז אַ מלאך מיר די נאַכט צוקאָפּענס היינט געשטאַנען?
מיט צאַרטע הענט געגלעט מיין שלאָפענדיג געזיכט?
ווי קומט דער שמייכעל אויף מיין ליפּ? איך קען זיך ניט דערמאַנען
ווי קומט אין האַרץ צו מיר דאָס יום טוב׳דיגע ליכט?

איך האָב ערוואכט, און שפּעט אין בעט געלעגן די אויגען האַלב געשלאָסען,
האַלב וואַך האַלב טרוים אַ ווייסע חופּה קלייד געזעהן,
אַ גאָלדען שטראָם האָט פאַר מיין האַלב געשלאָסען בליק געפלאָסען
און זעלטען ליב און גוט איז מיר געווען.

איצט געה איך אום פון גאָס צו גאַס. מיר דאכט, אַז אַלע שפּירען
דיזעלבע פרייד, און מאָדנע לויכט אַ יעדענס בליק.
מיר זאָגט דאָס האַרץ: עס וועט וואָס גוטעס זיכער היינט פּאַסירען
און ערגעץ וואַרט פאַר יעדען היינט דאָס לאַנג־געגאַרטע גליק.

## ביים פענסטער

א פולע שטוב מיט מענשען
און אלע רעדען, רעדען,
און איך דער באלעבאָס פון הויז
א שטילער שטעה ביים פענסטער
און בליק אין גאס ארויס.

איך זעה אין גאַס די קינדער
אויף גליטשער רעדלאך פאָרען
און אויף וועליסאַפּעדען פיל,
און אלע יאָגען, יאָגען
נאָך אן אָטאָמאָביל.

עס רופט מיך אָפּ פון פענסטער
מיין פרוי מיט שטילען פאָרוואורף.
איך פאָלג איהר אומעטיג און שטום —
אין דרויסען פאָרען קינדער
אויף גליטשער־רעדלאך אום.

## אויפ'ן סאָפע

אויף דער סאָפא זוך איך רוּה
פון דעם פרעמד געדערעריי,
און איך הער אזוי דערביי
קינדער טומלען ערגיץ וואו.

קינדער טומלען ערגיץ וואו,
טרייבען אָן אַזאַ מין שפּיל,
און דאָ רעדט מען אַזוי פיל
און איך ליג און הער זיך צו.

הער און שמייכעל אזוי בלאס
ביז די ברעמען פאַלען צו,
קינדער טומלען ערגיץ וואו
קינדער שפּילען זיך אין גאס.

# דיינע קינדער

א

דו האָסט צוואוואָרפען דיינע אוצרות
איבער גאָר דער ערד
אין שפּיל פון דער וועלט.
און דיינע קינדער
מיט דעם געלען פייער אין די אויגען
זוכען דיינע אוצרות
איבער גאָר דער ערד
אין שפּיל פון דער וועלט.

ב

דיינע קינדער זענען מיד פון שפּיל.
דיינע קינדער זוכען רוה
און קענען ניט דעם וועג געפינען.
בויען זיי און מויערן שטיין אויף שטיין
און קלעטערן צו דיר.
און דורך דעם שוואַרצען אָפּגרונט,
בלינדע און געבויגענע
געהען זיי צו דיר
אין שפּיל פון דער וועלט.

ג

דיינע קינדער צינדען זייער שפּילצייג אָן
און דורך די פלאַמענדיגע פייערן
געהען זיי צו דיר.
מיט באָרוועסע טריט אויפ׳ן שאַרף פון שווערד
געהען זיי צו דיר.
איינס דעם אַנדערען
דעם וועג פארלויפענדיג,
איינער אויפ׳ן צווייטען טרעטענדיג
געהען זיי צו דיר
אין שפּיל פון דער וועלט.

## צייטען

איך ווייס, מען וועט מיך אין אַ מיטען העלען טאָג באַפּאַלען.
עס וועט ניט העלפען מיין געבעט און מיינע טרערען.
און וועל איך רופען הילף, וועט קיינער מיך ניט הערען,
און וועט מען הערען, וועט מען בלייבען שטעהן פון ווייטען,
שאָקלען מיט די קעפּ און מורמלען: צייטען. צייטען.

קנעכט:
די הערשער זענען מיד פון רייכטום,
און פון אלע אוצרות וואָס איהר האָט פאר זיי געשאַפען
זענען שוין די הערשער מיד.

קנעכט:
די הערשער זענען מיד פון הערשאַפט,
און פון אייך אַליין, פון אייך אליין מיליאָנען שקלאפען
זענען שוין די הערשער מיד.

קנעכט:
איהר בויט אויס שטעדט און בויט אויס דערפער,
קיינמאָל ווערט איהר גאָר ניט מיד צו בויען פאר די הערשער
שטאָדט נאָך שטאָדט און דאָרף נאָך דאָרף.

קנעכט:
אויף דעם באַפעהל פון יענע הערשער
ווערט איהר מיט דעם זעלבען פלייס פארוויסטען און צושטערען
שטאָדט נאָך שטאָדט און דאָרף נאָך דאָרף.

קנעכט:
דערווידער איז זיי שוין די רייכע רעסטאָראַנען.
אויף דער וויסטער ערד זאָלט איהר אַ רויטען טישטוך שפרייטען
פאַר די הערשער פון דער וועלט.

*　　*　　*

קנעכט:
די הערשער זענען מיד פון רייכטום.

# דאס ליד פון די קנעכט

אונזער מיה באַלאַנגט צו אייך,
אונזער אַרבייט מאַכט אייך רייך,
אונזער פרייד און אונזער רוה,
אַלעס נעמט איהר ביי אונז צו —
שענקט אונז דאָס לעבען.

הערשט איהר דען ניט, סיי ווי סיי?
רויבט איהר דען ניט, פראַנק און פריי?
בלייבט אונז איבער, עפּיס נאָך,
אויסער אונזער שווערען יאָך?
שענקט אונז דאָס לעבען.

עס האָט דער טייוועל אין דיין בלוט אַ גיהנום אָנגעצונדען —
האָסטו דאָס קלייד פון זיך אַראָפּגעפּליקט אין ווילדען משוגעת.
דו האָסט אָהן שאַנד דיין לייב ענטבלויזט, אַ לייב פול
קרעץ און וואונדען,
און וואלגערסט זיך אַרום מיט יערען הפקר־הונט פון גאַס.

דו האָסט די הינט צורייצט און וועסט זיי אלעמען פארצערען
אום צו שטילען אין דיין ווילדען בלוט דעם גיהנום'דיגען
פלאַם — —
דער טייוועל זאָגט: משיח וועט אַזוי אַרום געבוירען ווערען —
חאַ־חאַ! כ'האָב אַ גרויסען שוואַרצען הונט, דו הייליגע מאַדאַם!

# אויף די חורבות

הפקר וואלגער איך זיך אויף די חורבות
    פון מיין אייגען האָב־און־גוטס אַרום.
צו די פיס מיר ליגט דער טייפעל
    און מחילה בעטען זיינע אויגען שטום —
שליס איך שווייגענדיג די בעטענדיגע אויגען צו
און איך וויג איהם: ליו־ליו־ליו, ליו־ליו־ליו.

אין דעם בראָך־ווארג, וואו ניט וואו, נאָך וואַלגערט זיך
    אַ גליד, אַ ניט־דערגריזשעט ביין.
קומט אַ קאַץ אָן און פארגעהט זיך אין אַ ווילדען יאָמער
    שטשירענדיג די צייהן.
טוליעט זיך דער טייוועל צו מיין וואונדיג האַרצען צו,
און איך וויג איהם: ליו־ליו־ליו, ליו־ליו־ליו.

כ'נעם דעם טייוועל'ס האַנט און גראָב זיך מיט די נעגעל זיינע
    אין מיין האַרצענס וואונד,
קנייטשט דער טייוועל זיך אין שטומען וועהטאַג,
    פאַנגט ער אָן צו וואָיען ווי אַ הונט.
פרעס איך זיינע ליפען צו די וואונדען מיינע צו
און איך וויג איהם: ליו־ליו־ליו, ליו־ליו־ליו.

# מיר טרינקען

ביי יעדען אין האַרצען אַ דורשטיגע שלאַנג,
ביי יעדען אין בעכער אַ בלוטיג געטראַנק,
עס הויבען די בעכערס אַ האַנט נאָך אַ האַנט,
און יעדערער טרינקט פאַר זיין אייגענעם לאַנד.

איך האָב מיינס אַ קינד היינט געקוילעט ביינאַכט,
איך האָב פון דעם שאַרבען אַ בעכער געמאַכט,
און כ'האָב אין די פויסטען געפרעסט רויטען וויין
פון יעטוועדען גליד אין דעם בעכער אַריין.

אַ שאַרבען דער בעכער! און בלוט דער געטראַנק! —
און כ'טרינק פון דעם בעכער ווייס גאָט שוין ווי לאַנג.
איך טרינק און עס מישט זיך אַלץ מעהר מיין פאַרשטאַנד
פאַר וועמען, זאָגט, טרינק איך? פאַר וועלכען לאַנד?

א

איך בין שוין קראַנק און מיד דיין קינד צו זיין. איך ווייס
ווי גרויס עס איז מיין זינד און שווער.
איך קען שוין אָבער מעהר אויף זיך דיין גורל גיט דערטראָגען.
איך קען ניט מעהר!

איך וויל ניט אַז די וועלט זאָל אויף מיר טייטען מיט די פינגער:
אָט געהט דער איד.
איך בין שוין מיד פון זייער האַס, און אויך פון זייער ליבע
בין איך שוין מיד.



קיינער, קיינער וועט אויף אונז ניט קיין רחמנות האָבען,
יערע הילף פארלוירען, יערע האָפענונג פארשוואונדען,
וועלען מיר שוין מיט די ציין דעם לעצטען קרעכץ באַגראָבען
אין די וואונדען.

ליגען אויף דער ערד אַזוי צושראָקען און באַשפּיגען,
זאָל די שווערע האַנט אונז שלאָגען מיט דעם פויסט דעם האַרטען.
וועט די האַנט אַ ווייל' ניט שלאָגען, וועלען מיר זיך ליגען
שטיל און וואַרטען.

ג

עס זעהט אַ גאַנצע וועלט דיין אומגליק צו און מאַכט זיך בלינד.
וואַס פאַר אַ שלעכטס האָסטו געטאָן דער וועלט, וואָס פאַר אַ
זינד ביזטו באַגאַנגען ?
צום הימעל גרייכט דאָך שוין דיין הילפס געשריי און קיינער
הערט.
מיט'ן פנים וועל איך פאַלען צו דער פרעמדער קאַלטער ערד
די שאַנד באַגראָבען.
וועל פאַלען צו דער פרעמדער ערד זיך וואַלגערן אין שטויב
און מורמלען שטיל: איך גלויב אין דיר, מיין שטאַרקער גאָט,
איך גלויב.
און זעה איך ווענען פון ווייטען געהן, פארבאָרג איך טיעפער זיך
אין דר'ערד אַריין
מיט יעדען וואָרעם גלייך. אַזוי דאַרף זיין. אַזוי דאַרף זיין.

ד

קיינער קען ניט אונזער אומגליק העלפען,
קענען קיינעם ניט קיין דעה זאָגען·
אומעדום נאָך הילף געלאָפען,
אלע טירען אָפגעשלאָגען·

קיינער קען ניט אונזער אומגליק העלפען,
הפקר וועט מען מיט די פיס אונז טרעטען;
סיידען אַז אַ שיינע שאַנסאָנעטקע
וועט פאר אונז וואו ביי אַ קעניג בעטען·

# מיר חלומ'ען

מיר חלומ'ען אַלע, אַ חלום אַ וויסטען, אַ בייזען,
מיר קרעכצען ווי קראַנקע פון שלאָף, און מיר וויינען און שרייען.
ניטאָ ווער עס זאָל אונז פון חלום פון בייזען באפרייען,
ניטאָ ווער עס זאָל אונז פון אונזערע שרעקען ערלייזען.

און אפשר וועט עמיצער קומען און וועט אונז אויפוועקען,
דאַן וועלען מיר קיינער ניט גלויבען די אייגענע אויגען
און לאַכען ווי קינדער פון חלום, וואָס איז שוין פארפלויגען,
און וועלען אין פריידען דערצעהלען די פיין און די שרעקען.

# אַלע גײען מיר אַהײן

מען האָט דערמאָנט אַ טויטען פריינד,
און עמיץ האָט געזאָגט: מיר אַלע געהען דאָך אַהין.
נעבען מיר מיין קינד באַריהרט מיין האַנט —
— וואוהין?
איך הויב די אויגען צו דעם הימעל אויף —
— אַהין.
פּאַטשט דאָס קינד די הענט פאַר פרייד:
— אַלע, אַלע, אַלע, געהען מיר אַהין!

## ניט שטראָף זיי, גאָט

ניט שטראָף זיי, גאָט, זיי זײַנען בלינד,
זיי זעהען ניט דאָס ליכט וואָס שטראַהלט אין בליק פון גערעכטען,
זיי זעהען ניט דעם גיפט וואָס ברענט אין בליק פון שלעכטען —
ניט שטראָף זיי גאָט, זיי זײַנען בלינד.

## איך בין א גאַסט

איך בין א גאסט
געקומען אויף א ווייל און קעהר שוין באלד צוריק.
ניט ליבע פאַלט אויף אַלעס און אויף אַלעמען מיין בליק —
דער בליק פון גאַסט.

און פיהרט די וועלט
זיך יושר'דיג צו ניט — די מענשען שלעכט צו גוט —
איך זעה און הער, און אויף מיין ליפּ אַ שמייכעל רוט —
איך בין א גאסט.

— — גאָט — —
אָט בין איך אין אַ ווינקעל אויף דיין גרויסער ערד
דיין שרייענדיגער טאָג איז ווי אַ רוישיג וואסער
ערגיץ אין אַ ווייטען ים אַריינגעפאלען,
דיינע קינדער, מיד פון פלאָנטערדיגען שפיל
האָבען איינגעשלאָפען.
און איך —
ווי אַ שטרוי פון שטראָם געלאָזען ביי אַ שטיין וואו
בין דאָ ביי דעם פענסטער שטעהן געבליבען.

* * *

— — אַ גוטע נאַכט.

איך האָב אַמאָל
אין פאַרבען־שפּיל פון זונענאונטערגאַנג
מיין בליק פאַרפלאָנטערט.
עס איז אַמאָל
מיין באַנג געפיהל, מיין ניט דערפילט פאַרלאַנג,
אַוועק מיט׳ן וואָלקען.

אויף אייביג וועט
מיין בליק פאַרפלאָנטערט בלייבען
אין פאַרבען שפּיל פון זונענאונטערגאַנג..
און אייביג וועט
זיך מיט די וואָלקען טרייבען
מיין באַנג געפיהל, — מיין ניט דערפילט פאַרלאַנג.

דומע מענשען: שפאן איך איבער נאָך אַ צאַם! —
רייס איך איבער נאָך אַ שטריק;
טראָגט אַ צווייטער דען מיין יאָך?
זוכען מיר ניט אַלע דאָך
דאָס זעלבע גליק?
דאָס זעלבע גליק?

דומע מענשען: גלויב איך ניט אין אייער גאָט!
געה איך ניט אין אייער וועג!
טו איך וועמען בייז פון אייך?
קומען מיר ניט אַלע גלייך
צום זעלבען ברעג?
צום זעלבען ברעג?

בין איך געזונד, צו בין איך קראַנק,
מיט פעסטען טראַט, מיט וואַקלענדיגען גאַנג
דורך גלאַטען וועג, דורך מדבר זאַמד,
באַגלייט פון רוהם, באַגלייט פון שאַנד,
איך געה מיין וועג.

איך ברעך די האַנד וואָס האַלט צוריק,
איך רייס פון זיך די פליכטען שטריק.
דורך העלען טאָג, דורך שוואַרצער נאַכט,
דורך שטורעמס הויך, דורך טיעפען שאַכט,
איך געה מיין וועג.

איך שלאָג מיין פוס אָן שאַרף פון שטיין,
איך בייס די ליפּ אין שטום געוויין;
עס קומט אַ קרעכץ פון ערגיץ ווייט,
עס רייסט דאָס האַרץ — ניטאָ קיין צייט,
איך געה מיין וועג.

איך געה מיין וועג — אַ פרייער מאַן!
איך געה מיין וועג — ווי בראַוו איך שפּאַן
צום קבר'ס ראַנד —
אַ פרייער מאַן.

## דאס לעבען

נעכטען האָט אַ בלימעל ביי מיין פענסטער ערשט געוומען דופטען,
היינט שוין זעה איך טראָגט דער ווינט די בלעטער אין דער לופטען.
אַך, וואָס אַרט מיך? מאָרגען וועלען נייע בלימלעך בליהען —
זאָלען זיי פליהען!

נעכטען האָט זיך אין מיין הארצען ערשט אַ טרוים געוומען שפינען,
היינט האָב איך דעם טרוים שוין אין מיין האַרצען טויט געפונען.
מילא, מאָרגען וועט אַ נייער טרוים זיך ראָרטען וועבען —
אַזוי איז דאָס לעבען!

## קינדער"

איך האָב אַלס קינדער שפיל זיך אָנגעטאָן דעם טאַטענס קליידער,
אויף זיך דעם לעבענס־יאָך אַרויפגעצויגען,
און געה אַזוי אַרום געבויגען
מיט'ן פנים צו דער ערד.

איז מיר דערווידער שוין געוואָרען נאָכצוטאָן די גרויסע,
עס האָט דער שפּאַס מיר שוין אַזוי דערעסען.
איך האָב שוין באַלד אַליין פארגעסען
אַז איך בין נאָך גאָר אַ קינד.

ער האָט צו מיר געזאָגט:
— „איהר ווייסט?
עס פעהלט אין אייער ליד דאָס אייביגע."
איך האָב באטראכט די קנייטשען ביי זיין מויל,
דאָס ביסעל האָר אַרום זיין פּליך, —
און שטיל געפרעגט:
„איז וואָס?"
ער האָט אַ לאַך געטאָן,
אנטפּלעקט צוויי שורות פוילע ציין,
און נאָך אַמאָל געזאָגט:
— „דאָס אייביגע."
און ווען ער איז פון מיר אַוועקגעגאַנגען
בין איך ביים שפּיגעל־גלאָז געשטאַנען לאַנג,
באטראכט מיין פּנים, מיינע ציין און מיינע האָר,
און קלוג און אומעטיג
האָבען מיינע אויגען
פון שפּיגעל־גלאָז צו מיר געשמייכעלט.

# מיינע טעג און נעכט

מיינע טעג צו קרעמער און צו הענדלער,
מיינע נעכט צו קאָרטען שפּיעל און פרויען —
וועט מיר גאָט שוין מעהר ניט טרויען
זיינע טעג און נעכט.

העי, איך מוז דאָך מיינע טעג און נעכט צעטיילען,
וואָס־זשע אַרט מיך ווי און ווען?
ווער עס וויל זאָל קומען נעמען
מיינע טעג און נעכט.

אין א ווינקעל וואו,
ערגיץ אין דער שטיל,
מיט די קינדער גלייך,
פיהר איך אָן מיין שפיל.

שפיל איך זיך מיט זאַמד,
שפיל איך זיך מיט ליים.
וועל איך ווערן מיד,
וועל איך געהן אהיים.

ווייס איך ניט דעם וועג.
צו מיין איביג לאנד,
וועט א זיידע מיך
פיהרען ביי דער האנט.

וועה, ווען איך וואָלט קענען אייביג דאָ פאַרבלייבען.
ניין, איך ווייס, איך ווייס: דאָס קען ניט זיין.
לענגער ווי עס איז מיר דאָ באַשערט צו בלייבען
וועל איך דאָ ניט קענען זיין.

נאָר אַ צווייטען מאָל וועל איך אַהער נאָך קומען.
יאָ. געוויס, געוויס, אַזוי וועט זיין.
איך וועל דאָ אַ צווייטען מאָל נאָך קומען,
איך וועל דאָ אַ צווייטען מאָל נאָך זיין.

